דוד סעלצער

# די אויסגעבענקטע שעה

לידער

האָלצשניטן פון
העלען וועסט העלער

פאַרלאַג „לאַנדסלייט"

ניו־יאָרק, 1947

DAVID SELTZER

# "DI OISGEBENKTE SHO"

THE LONGED FOR HOUR

POEMS



DAVID SELTZER
361 Amboy Street
Brooklyn 12, N. Y.

Printed in U. S. A.




ביכער פון דוד סעלצער :

בעסאַראַבער לידער, 1937

בראָנזווילער געזאַנג, 1942

די אויסגעבענקטע שעה, 1947

# I

# די אויסגעבענקטע שעה

„. . . קומען וועט נאָך אונדזער
אויסגעבענקטע שעה.
ס׳וועט אַ פויק טאָן אונדזער טראָט:
מיר זיינען דאָ!״

— הירש גליק.

## די אויסגעבענקטע שעה

דער קריגער פאַרפאַנצערט
אין קלעם פון זיין טאַנק
שלאָגט מיט אָנגעגליט האַרץ
פון אויפרייס און שפליטער.
בלויז ווען שטילקייט פאַלט צו,
און געוויין פון שראַפּנעל
שניידט אין שטאָלענעם קבר,
טוט אַ וויי די געהירן אַ ריס
און די בענקשאַפט אַהיים
ווערט אין האַרצן פאַרציטערט.

דער הימל־פּילאָט
אין אַלומינער טויב
שוועבט אין וואָלקנס פון רויך
און אין כמאַרעס פון פייער.
און ווען רו טוט אַ בלוי,
און אַ שטערן אַ פינקל
דורך פּלאַסטיק פון שויב,
דער טוי פון זיין אויג,
און די זילב פון זיין ליפּ
רופט: מאַמע, געטרייע!

דער שטאָלענער טויכער
אין געשפּענסט־סובמאַרין
שווימט אין פינצטערע טיפן
און אין פרירי‌קן נידער.
און ווען שטראַל פון דער זון
ברענגט פון וואָלקנס אַ גרוס
דורך גלאָז־פּעריסקאָפּ,
ווערן ווייסלען באַפּערלט
און פון ברוסט קלינגט געזאַנג
פון היימישע לידער.

דער וואַלד־פּאַרטיזאַן
דורך וואָרצלען פון בוים
האַלט זיין אויג אָנגעצילט
אויף אַ שטער פון דער רו.
און ווען קלאַנג פון אַ טראָט,
און אַ מאַמישער ניגון
קומט מיט שוועסטער און ברידער,
די אויפגעביילטע הענט
זיי צערטלען שוין ווידער
די אויסגעבענקטע שעה.

## שוועסטער

אַ בריוועלע שרייבט מיר מיין שוועסטער
פון בלוטיקן לאַגער טראַנסדניעסטער.

די ווערטער מיט פליאַמעס פאַרמעקט,
וואָס טרערנדלעך האָבן באַפלעקט.

און שרייבן, שרייבט זי מיר אַזוי:
„אוי, שטאַרק זיך, מיין ברודערל, אוי.

איך ליג אין אַ פיבער פון פיינען
נאָר פון דרום פייערלעך שיינען.

אפשר ווינקען שוואַרציאַמיקע בלאָטעס,
וואו פאַרבאָרגן עס לויערן טאַטעס.

ביזסטו אפשר אויך צווישן זיי,
אוי, שטאַרק זיך, מיין ברודערל, וויי".

# ישראליק

אלול־ווינט ווײַנט איבער לאַגער,
מוטנער דניעסטער רינט אין טאָל,
דער רעגן שלאָגט אַדורך די שויבן
און צוואָגט דעם קלײנינקן ישראל.

ער קוקט צום שטראָם פון טײַך אַרונטער,
צווייגן טראָגט ער צום לימאַן,
און ברענגט זיי זיכער צו די בלאָטעס,
וואו ס׳לויערט שטאַב פון פּאַרטיזאַן.

אַ היימישער געפיל אין ייִנגל־ברוסט
טוט דורך די אויגן העל אַ פלאַם:
אפשר כאַפּט מען אָן די צווייגן
און מען לאָזט זיך צום לימאַן.

פּאַרטייעט קריכט ישראליק פאַרבײַ
פּאַטרול, דורך כלינענדיקע הויפן,
שפּאַרט זיך דורך פלויט און דראָטן
און לאָזט זיך צו דעם דניעסטער לויפן.

אָט פֿלאַטערט ער אויף פֿעלדזן־ברעג
מיט פֿליגל־הענט אין ווינט צעשפּרייטע,
דער דניעסטער ווערט פֿון ווײַ פֿאַרציטערט
און צעעפֿנט כוואַליעס — גרייטע.

ס'האָט דער דניעסטער אים אַהין געטראָגן,
האָבן די העלדן אים גענומען פֿון שטראָמען,
און בײַ בלאָטעס פֿון שוואַרצן לימאַן
ליגט אַ בערגעלע שטויב אָן אַ נאָמען.

# יאַנקל מאַטלים

אַ שוואַלב איז אַרונטער צו מיר אין טראַנשיי
און זאָגט אָן אַ בשורהלע, וויי:

— „דיינע אייגענע זיינען אויף אייביק אַוועק,
דו וועסט זיי נישט זען ביזן סוף פון די טעג.

אויב דו גלויבסט ניט זיי זיינען באַגראָבן ביי וועגן
פאָלג נאָך מיין פלי צו די דניעסטערשע ברעגן.

זע דאָרט אַ קבר, אַ ברייטן, אַ טיפן,
זיי ליגן פאַרברידערט, אָן ווייסע תכריכים״.

— „אָ, שוואַלב, האָסט צעצונדן אין האַרצן אַ פייער,
דערפאַר וועלן מערדער באַצאָלן איצט טייער.״

# מאַרשאַל טימאָשענקאָ

דער העלדישער מאַרשאַל פון סאָוועטן־פאַרבאַנד
יאָגט פאָראויס אויף זיין אָדלער פערד
און מיט שרפיקן צאָרן און מעכטיקער האַנט
שניידט ער די לופט מיט זיין בליציקער שווערד.

און ס׳יאָגנמיט זין פון די בערג און פון סטעפּ
פון אוראַל, פון קובאַן, פון סיביר און דאָנבאַס,
עס פאַלן אויף שונא די גליאיקע קלעפּ,
און מען שניידט זיין געביין מיט שאַרפן פון האַס.

און הויך קלינגט דאָס קול און קלאָר דער באַפעל
פון דעם העלדישסטן זון פון דעם דניעסטער:
פאָראויס! פאָראויס! מאַכט פון נאַציס אַ תל!
זאָל היינט אונדזער זיג זיין דער גרעסטער!

# באַפרייאונג

ס׳האָבן ברידער דעם שונא געיאָגט און פּאַרטיליקט,
דאָס שטאָל פון די גראַטעס צעבויגן מיט פינגער,
און געפאַלן זיינען תפיסות צעבּרעקלט אין שטויב.
שטאָלצע טריט זיינען קאַרצער־שוועל אַריבּער,
און קינד־און־קייט צעשמייכלט האָבן לויב —
געפאַנגענע זיינען אַרויסגעקומען ווי זיגער.

אָט קומט אַנטקעגן זיי די היים,
און אויגן ווילן אויסקושן די אויגן,
ס׳מיניעט זיך די זון אין טרערן־ווייסלען
און ס׳ציטערן פאַר פרייד די נאַסע בּרעמען,
ס׳פלאַטערן די הענט מיט ליבּע אויסגעצויגן.
און האַרץ אין האַרץ וויל טרייסט דערפילן.

אויב עס שמאַכט נאָך וואו אַ קינד פון פאָלק,
אַרויסגעריסן און פאַרוואָגלט פון זיין היים,
און צווישן שטומע רוקנס פון גראַניט
לעכצט ער נאָך דער זון און ליבּע,
די גרויסע פרייד וועט אויפקוועלן זיין בּלוט,
אַ פלאַם וועט אָנצינדן זיין בּליק,
און טרייסט וועט עפענען זיין ליפּ.

אויב מען פירט נאָך וואו אין לעצטער שעה
אַ קינד פון פאָלק צו דער האַקנקרייצער־תליה,
און שונאס שפּאָר און שווערד קלינגען אויס מינוטן,
און תליון פינצטערער שנורעוועט דעם שטריק —
וועט מיט דונער שרפיקן צעשניידן שוואַרצע וואָלקנס
דער שאַל פון אָנגריף פון די באָמבאָדירערן
און אָנצינדן דעם לעצטן בליק מיט פלאַם פון יום־הדין.

# מיר קומען צוריק

פון די פינצטערע נאָרעס אין וועלדער,
וואו מיר האָבן געכאָוועט דעם צאָרן,
פון די היילן און סקאַלעס פון טייכן,
וואו מיר האָבן נקמה געשוואָרן —
מיר קומען צוריק!

און נאָך איידער מיר וועלן זיך קערן
צום אַש פון דער חרובער היים,
ביים שונא מיט פולווער אויפרייסן
זיין האַרץ וואָס פאַרגליווערט ווי שטיין —
מיר קומען צוריק!

און באַרגהויף פון האַקנקרייץ מערדער
צעברעקלען אין דין־דינעם שטויב,
און פון שפייכלער, קעלער און קעלטער
אומקערן אַלץ וואָס איז רויב —
מיר קומען צוריק!

און פון לאַגער שטעכיק מיט דראָטן,
וואו געפייניקט מ׳האָט שוועסטערשע לייבער,
באַפרייען דאָס אייגענע לעבן,
די עלטערן, קינדער און ווייבער —
מיר קומען צוריק!

און מי זאָל באַפרוכפּערן באָדן,
ס׳זאָל אויפגיין מיט תבואה די ערד,
און אויף טויער פון פעסטונגען־היימען
זאָל הענגען מיט וואָרנונג די שווערד —
מיר קומען צוריק!

# אייזיק

עס ווייַנט נאָך דיר די לאַנג־פאַרלאָזטע ערד,
זי טריקנט אונטער פראָסט און שטורעמס,
עס הירזשען אומרואיק די פערד
און זוכן דײַנע צערטלענדיקע אָרעמס.

אָ, שטאָלצער טרוימער פון דעם סטעפּ,
אָ, זיסער זינגער פון דעם דניעסטער,
עס בייגן קריגער זייערע קעפּ,
עס ווייַנען דײַנע בראַווע שוועסטער.

דו האָסט געחלומט צו זען דײַן היים
אַ פריילעכע ביז צו די וואַסערן פון פּרוט,
נאָר אויף מאָלדאַוויש פעלד אַ שטיין
האָט דאָרט דײַן אומרו שוין באַרוט.

זע, רויטע מחנות שניידן שוין אַהין
זיי וועלן אויספּילן דײַן באַגער,
דאָינעס וועלן זינגען דײַנע זין,
דײַן פרייד וועט שיינען דורך אַ טרער.

# יתומים

קליין בין איך
און קום פון סאָראָטשעי.
מיינע גרויע אויגן,
פול מיט אומעט און מיט ווײ.

קריג און פייער
האָט צעשטערט מיין היים,
כ׳בין אָן טאַטע־מאַמע,
אָבער ניט אַליין.

איך און יינגל,
שוועלבעלעך צוויי,
וועלן נעסטן נאָך בויען
אויפן באַרג פון סאָראָטשעי.

# פאַרמעסט

הערט, ווי עס רופן זיך דורך די בערג,
דער טאָל און דער וואַלד און דער סטעפּ,
ס'איז ביים דאָן איצט אַ רייטער־פאַרמעסט,
הערט מען דונער פון פערדישע קלעפּ.

אַ צעשויבערטער בלאָנדער קאָזאַק
ליגט מיט באַק אויף דער גריווע פון פערד
און וואַרעמט מיט אָטעם אין אויער:
יאָג, הירש מיינער, יאָג איבער ערד!

אַ בראָנזענער, כמורנער גרוזין
בייגט אָן קאָפּ ווי צום טויכן
און צערטלט אָגערל מיט קני:
פלי אָדלער אַוועק אין די הויכן!

אַ קליינינקער טאָטער מיט בערדל,
מיט מאַנדלען אין גלי פון די אויגן,
ציט, סטרונעט די צוים פון זיין פערדל,
ווי געשאָסן וואָלט ער פון אַ בויגן.

אַהאָ, דער קאָזאַק דעריאָגט דעם גרוזין
און געזיגט און געוואונען אָט האָט ער,
נאָר ווי אונטער דער ערד קומט אַרויס
דאָס פערדל מיט בערדל פון טאָטער!

כאָ־כאָ! עס רופן זיך דורך די בערג,
דער טאָל און דער סטעפּ זיך צעלאַכן.
מען טרינקט און מען קושט דאָרטן טאָטער,
מ׳ווינטשט זיך גוטס אויף טויזנטער שפּראַכן.

# מאַמע ליבע, בעסאַראַביע
(צו דער ערשטער באַפרייאונג יוני 1940)

מאַמע ליבע, בעסאַראַביע,
עס פרייען זיך די קינדער דיינע.
אויפגעריכט ביזסטו געוואָרן
ווי דיין שוועסטער אוקראַינע.

וואַש אַראָפּ פון קאָפּ דעם טרויער,
וויש זיך אויס די טרערן־אויגן,
וואַרף אַראָפּ דעם יאָך פון פּלייצעס —
ווערסט שוין מער ניט זיין געבויגן.

שנירל אָן קאַרפּאַטן־פּערל,
פלעכט זיך אויס פּאַפּשוינע צעפּ,
זילבער־אָן צוויי וואַסער־סטענגעס —
פּרוט און דניעסטער איבער סטעפּ.

צי אָן אויף בערג אַ סאַמעט־סטאַניק
און צעוויג די לאָנקעס פריי,
בלוי צעפּאַלדעווע דיין שטאַלטנע קליידל,
טונקל — ים און העל דונאַי.

מאַמע ליבע, בעסאַראַביע,
עס קושן דיר דיין ליכטיק פּנים
דיינע ווייט־פאַריאָגטע טעכטער,
דיינע וואַנדער־וואָגל בנים.

זע אויף פּאַמפּעס פון בראַזיל,
אויף די שטיינער־בערג פון שכם,
אויף ניו־יאָרקער ווייסע וועגן
און פּאַריזער קאַרצער־קלעם —

הערצער שפּילן אויף ווי טרויבן,
הענט און פּלייצעס טוען זיך אַ שליס.
רונד־און־רונד און הין־און־העריק
פלינק צעוואָלאָכן זיך פיס:

מאַמע ליבע, בעסאַראַביע,
עס הוליעט היינט סטעפּאָווער שטאָם
און דער דניעסטער טראָגט די פריידן
פון קאַרפּאַטן ביז צום ים.

# טאַשקענט

אויף די וועגן פון טאַשקענט
ציען מחנות פּליטים,
מיט קינדער קליינע אויף די הענט,
מיט זקנים מידע גייט מען.

און ברידער קומען זיי אַנטקעגן,
צעעפּענען טיר און טויער,
און הערצער טרייסטן קעפּ וואָס נייגן,
און ליבע לינדערט טרערן־טרויער.

אָ, ברידער טייערע פון פּוילן,
אָ, ליבע בעסאַראַבער שוועסטער,
וויינט נישט אויף די שטעט וואָס גרוילן,
קלאָגט ניט אויף דעם חורבן דניעסטער.

ס'וועלן אונדזערע און אייערע זין —
טימאָשענקאָס אָדלער רויטע —
זיך נאָך אומקערן אַהיים אַהין,
זיך צערעכענען פאַר אַלע טויטע.

אוןווידער וועט די זון נאָך העלן
איבער בעסאַראַבער פליינען,
און דער דניעסטער וועט נאָך קוועלן
מיט געזאַנג פון דאָינעס שיינע.

# אַ גרוס

אַ גרוס איז געקומען מעבר לים,
פון איינאײנציק פאַרבליבענעם פליט,
און מיין בענקשאַפט פאַרלאָזט
האָט מיין אינדזל ביים האָדסאָן
און בלאָנדזשען אַוועק איבער חורבות.

איך וואָלט וועלן מיין אומרו
מיט אים דאָרט באַהעפטן,
מיין וואָרט זאָל באַרירן זיין ווי
און טיילן מיין האַרץ
זאָל זיין איינזאַמען בראָך.

כ׳וואָלט מיט נעגל געריסן,
כ׳וואָלט געביסן מיט ציין
די האַרטע פאַרוואָרלאָזטע ערד,
און אָפּגראַבלען חרובע שיכטן,
און אויפרייסן שטיינערנע גרונטן.

כ׳וואָלט מיט שווייסיקער מי
באַזאַלצן די גרודיקע פלאַסטן
און קאָרן נייעם פאַרזייען,
און אויף פּלייצעס פון חברשאַפט טראָגן
דאָס קוועלנדיק וואַסער פון ברונעם.

# די אויסגעבענקטע שעה

אין יעדן קלאַנג
פון ניי־געזאַנג
ביזסטו אַ פלאַטערדיקע דאָ,
דו נישט געפאַנגענע,
דו נישט פאַרגאַנגענע,
דו אויסגעבענקטע שעה.

אין אַש פון אויגן
טליעט גלויבן,
פייערן באַפרייטע,
אין שניט פון ליפן
פערלען צוויטן,
ליבשאַפטן באַנייטע.

דאָס פריידיק ליכט
אויף דיין געזיכט
איז פריש און נייגעבאָרן,
דאָך צאָרן־שאַרף
פאַרקאַרבט אין האַרץ
וועט בלייבן לזכרון.

# דער אינדזל

ער האָט איינגעטונקט אין פייערן זיין פּינדזל
און אַ קרייז געטאָן ביי ברעגן פון דעם ים.
וואונדערלעך גייט אויף אַן אינדזל,
בלעזלען ברעגן ווי אַ פּערלדיקע ראַם.

ער׳ט אויפגעטויכט זיין טורעמדיקע טרוים,
אַ בינשטאָק — דער פלאַטערדיקער ישוב,
מיט שטאָל, גראַניט, און שויב אויף שויב,
און צאַפּלדיקע ברואים ווי אין אַ כּישוף.

מען הערט דורך בלעטער־קרוינען וואַלד
געלעכטער קינדערשן, ווי שוועלבעלעך זיך טראָגן.
ס׳פלייטלט דאָרט אַ טלאָעדיקע נאַכט־געשטאַלט,
און טאַנצט מיט ניאָן־ליכט ביז אין פאַרטאָגן.

גיסט זיך בליי און בלויער שטאָל אין ריזן־הענט,
און יעדער טאָג אין דאַמפן ווערט געבוירן;
אָוונט פלאַמיקער אין נעפּל־אַש צעברענט,
גוססט אויס אין קנוילן־רויך פאַרלוירן.

ווען ס׳וועט דער צאָרן מענטשלעכער דאָ טאָן
אַ שוועבק
און אָפּווישן דעם פלאַטערדיקן ישוב,
נאָך פייערן זיין האַנט וועט ווידער טאָן אַ בענק
און פּינדזלען נייעם קרייז פון שאַפנדיקן כּישוף.

# זילבער־פֿליגל

דער נאָוועמבער נעפּל
הענגט בלייך און טוכלע
איבער כוואַליענדיקן בליי פֿון ים.
די שיף — אַ סאָפּעענדיקער גרויער שפּאַן —
הוידעט זיך און שניידט אַ שוימענדיקן וועג
צום מאַניענדיקן טורעם־פֿלאַם.

אָ, ערשטלינג־ליכט פֿון נייער וועלט,
וואָס זאָגט אונדז אָן דיין מאַטער־בליאַסק
און דיינע שווים־און זינק־סיגנאַלן?
דיין צווילינג ליכט פֿון ווייסע פּאַליסאַדן
ווינקט אַזוי ביי בלויע ברעגן,
איז וואָס־זשע זאָגן־אָן די ציטערדיקע שטראַלן?

אָט טוען דאָרט אַ פֿלאַטער זילבער־פֿליגל.
זיי לאָזן זיך באַגעגענען די תּיבה,
און טוכן דורך וואואַל פֿון אַש־קאָלירטן רויך.
מיין האַרץ טוט אַ פֿלי נאָך דעם הימל־שווימער;
כ׳זוך ביי אים דאָס גרינע בלעטל;
כ׳בענק נאָך ערד און קנאָספּ־געָרוך.

# פרוי אין גרין

כ׳האָב דיך דערזען
פרוי אין גרין
מיט ליכטיקן לאַמטערן,
מיט דעם בוך אין האַנט.
ווייזסטו מיר
דעם וועג אַהין,
צום בלוי פון שטריך און שטערן,
צום גליק־ און פרייהייט־לאַנד?

לאָז מיין האַרץ זיך צינדן
לויטער, שטילער,
און מיט דיין ליכט, באַזעלט,
כ׳וויל טראָגן וואַנדערער אַנטקעגן, —
פון דיין צוגעטוליעט בוך —
בלעטער וויסן, שורות פרייד,
פאַר יעדן טרוימער פון דער וועלט,
פאַר אַלע וואָגלער איבער וועגן.

# דער האַפן

אונדזער שיף האָט זיך צערעוועט
און רופט פון האַפן דעם פּילאָט.
און פון גרינפאַרשוואַרצטן מאָכברעג
לויפט אין שוימינע אַ שיפל.

דער פּילאָט, ער נעמט דעם רודער
און דאָס שיפל שפּאַנט זיך איין
און עס שלעפּט די גרויסע מולטער
צו דעם האַפן פון ניו־יאָרק.

מאַנהעטן־אינדזל, ווי אַ ריז אַ שיף,
קומט אָן ווי אַ ווייסער בינשטאָק מיט היילן,
מיט אַ קאַם פון קובישע פּאַליסאַדן,
וואָס לויפן מיט לייטערדיקע טרעפּ
צו די הענגענדיקע הימלען.

בריקן צוויי טוען אַ פינקל
מיט פּערלדיקע שנורן לעמפּלעך,
און דער האָדסאָן טוט אַ קוועל
מיט זיין ברייטן וואַסער־וועג
וואו עס בלעזלען סטעזשקעס פון די פּערי־שיפן,
וואָס שניידן צו די קויטיק־ווייסע קלעצער־ברעגן.

די שיף טוט ווידער אַ רוף
און עס ענטפערן סירענעס,
צעקלינגען זיך הייב־מאַשינען,
און מחנות ים־גאָלן שוועבן ווידער
איבער גרוי־געוואַנט מיט זילבער פליגל.

די שיף קומט נעענטער צום ברעג
פון אָנגעוואַלגערטע און אויפגעשטעלטע
ריזן־ברעווענעס און שטיינער־שטויסן,
וואָס שטייען אָנגעשפאַרט אין וואָלקנס.
מיין אויג פאַרנעמט דעם גרויסן וואונדער,
און מיין האַרץ ווערט שטיל פון שרעק.

# יונגוואַלד

ס׳האָט דערצאָרנטע צייט
ווי אַ וויכער־ווינט ווילד
געריסן מיט וואָרצלען
די דעמבעס פון סטעפּ,
און יונגינקע ביימעלעך
האָבן צאַרט זיך געפלאָכטן
אין קנאָכן פון ריזן.

און געוואַלגערט האָט מען זיי
איבער קאָרנבלום פעלד,
איבער גראָזיקע לאָנקעס
צו ברעגן פון טייך,
און מיט זילבערנעם שטראָם
זיי אויף הפקר געלאָזט
זיך טראָגן צום שוים
פון דעם פינצטערן ים.

מען האָט זיי געקייטלט
צו דעם דאַמף פֿון די שיפֿן
און דורכגעשלייכט וועלן
פֿון זאַלץ און פֿון ווינט.
ווייט אין דער פרעמד,
אין אומהיימישער ערד,
זיי פֿאַרפלאַנצט צווישן טורעמס
פֿון פעלדז און פֿון שטאָל.

די אַש־גרויע דעמבעס
מיט טרוקענע צווייגן
זיי בענקען נאָך היימישן
שוואַרצערד אין טאָל,
נאָר יונגוואַלד עקשנותדיק
טיפט זיינע וואָרצלען
און דורך שפּאַלטן פֿון פעלדזן
צעקרוינט זיינע קעפּ.

# פליטים

מיט וואָרצלען אויסגעריסן פון סטעפּישן שוואַרצערד,
געוואָרפן פאַרוואָגלט דורך וועלן און ווינט,
האָבן עלטערן מידע, די שוועסטער און ברידער
געטוליעט צום האַרצן דאָס פּיצעלע קינד.

אין דער טיף פון שיף, אין אַ קרייז איינגעגנורעט,
זיי ווערן פאַרוויגט פון דער כוואַליקער נאַכט,
יעדער דאָרט שטום באַקלאָגט זיין אומעט,
איז אינזיך פאַרבענקט און פאַרטראַכט.

אין פייער אַוועק איז דאָס היימישע שטעטל,
אַ ברוגזער רינט דאָרט דער איינזאַמער טייך,
די לאָנקעס זיי גרינען מיט ביטערע גראָזן,
די פעלדער פאַרשטויבט מיט שליאַכן צוגלייך.

עס צעוויינט זיך דאָס קינד מיט פלוצלעכן הונגער,
די מאַמע פאַרשטופּט אים דאָס מויל מיט דער ברוסט,
און פּערעלעך זאַלץ פון די מאַמעשע אויגן
פאַלן אויף ניפל, אויף די ליפּעלעך דורשט.

# דער שוואַרצער ים

פון בלויען דונאַי איז דאָס שיפל „טראַיאַן"
אַריין אין דעם שוואַרצן צעשטורעמטן ים.
כוואַליעס ווי בערג און גרונטן ווי טאָלן,
זיי ווילן דאָס שיפל אויף שפּענער צעמאָלן.

עס האָט זיך אַ צאָרן דורך שויבן צעגאָסן.
עס שעפּן מיט עמער די מידע מאַטראָסן.
עס ליגט קאַפּיטאַן ביי זיך אין קאַבין
און שווימט אום פאַרווירט פון רומענישן „ווין".

די יידן אין קעלער, דערשראָקענע שטילע,
ליגן און שעפּטשען די גאָר־לעצטע תפילה,
די קינדער מיט טרערן; די ווייבער מיט יאָמער, —
בלויז יונגוואַרג איז גרייט אויף יעדערן טאָמער . . .

דער סטאַמבולער רב האָט שוין דאָרטן דערהערט,
אַז אַ שיפל מיט יידן האָט אומזיסט זיך געווערט,
און ניו־יאָרקער בלעטער האָבן געשריבן,
אַז דאָס שיפל „טראַיאַן" איז אין ים־גרונט פאַרבליבן.

# „סאַנטאַ לוטשיא"

קיין קאָנסטאַנצע געבראַכט האָבן זשוואַווע איטאַליענער
אַ קריג־שיף אַ נייע פאַר רומענישן פלאָט,
און מיט „סאַנטאַ לוטשיא" און היימקער־געזאַנגען
פאַרנומען די הויכן פון „טראַיאַנישן" באָרט.

און פאַרחלומטע טעכטער פון דונאַיאישע לענדער
און מיידלעך פון דניעסטער מיט בעז אין די אויגן,
האָבן געטרונקען דאָס ליד פון די ימען,
און בראָנזענער שמייכל ווי ליכט האָט געצויגן.

נאָר ווען כוואַליעס פאַרכאַפּט האָבן שיף אין אַ קלאַמער
און גרונטן די תיבה געשלעפּט אין דערנידער,
די זין פון נעאַפּאָל באַזיגט האָבן שטורעם,
און „סאַנטאַ לוטשיאַ" זינגט מען שוין ווידער.

דאָס שיפל „טראַיאַן" איז אין סטאַמבולער האַפן
אַריין ווי אַ האָז פון דעם אָדלער געיאָגט.
יידישע קינדער האָבן גאָלדענעם האָרן
מיט טרערן באַגעגנט: די נאַכט האָט געטאָגט.

# וואַלקנס

אָ, גרויסע שטאָט,
דיין גראַניטענער וואוקס
אין דער הויך
פאַרפלאַטשיקט קאַרפּאַטן
אין מיין בליק,
און דיין אויסגוס
פון צוויי טייכן
צום בלויען אָקעאַן
פאַרבלייכן ברעגן
פון מיין היימישן טייך.
כ׳האָב אַמאָל געדענקט
אַז די ווייסע קרייטן־הייל
אויפן הויכן דניעסטערשן ברעג,
פון קאָסאָאוצער וואַלד,
איז מיין שטיבעלע אין כמאַרעס,
נאָר אַז איך זע
דעם וואולוואוירט־טורעם
אָנגעטאָן אין זילבער
פון אַ טשופּרינע וואָלקנס,
פיל איך אַז דער הימל
איז ביי דער ערד,
און אַז איך קען מיט דער האַנט,
אויסגעשטרעקט אין אָוונט־בלוי:
אַ פינגערטאָן די שטערן.

# פלאַקער

חושך, נויט און קעלט
וויקלען שטאָט אין וויי;
הערצער שלאָגן ראַש,
שטיקן אויסגעשריי.

אויגן טליען האַס,
וואַרטן אויף דעם ווינט.
ווען ער קומען ווילד
און וועט טאָן אַ צינד.

וועט דער פלאַם אַ סווישטש טאָן.
אין דער לענג און ברייט;
וועט די שטאָט אַ קוויטש טאָן
מיט אַ פלאַקער פרייד.

# הענט און טרוים

פאַרלאָזט מיך ניט, הענט, אין מיין מיאיקער שעה,
ווען עס זידט אויס דער שווייס
אין דעם גלי פון דעם בליי,
און כ׳וויג זיך אין היץ
און פאַרגיי מיטן רויך,
פאַרלאָזט מיך ניט, הענט, אין דער דאָזיקער שעה.

פאַרלאָז מיך ניט טרוים, אין מיין איינזאַמער שעה,
ווען עס לעשט זיך דער טאָג
און עס שאָטנט די נאַכט,
ווען עס לויערט דער אומרו
און בענקשאַפט זיך ציט,
פאַרלאָז מיך ניט טרוים אין דער דאָזיקער שעה.

# שטאָלענע לערכע

פלאַטער העכער,
שטאָלענע לערכע,
זילבער־טרוים אין הויך.
וואָלקנס וויגן
פּראָפּעלאָר־ניגון
אין מיין האַרץ און מוח.

פליגל־פלאַטער,
ניגון צאַרטער,
טראָגסטו פרייד פאַרביי?
אין מיין געמיט
עס פייקלט ליד
פון אויסגעשאָסן בליי.

# אַ גאָרטן

אַ ייד האָט אין בראָנזוויל אַ גאָרטן פאַרפלאַנצט, —
וואַקסט דאָרט דער וואונדער, דער גרעסטער:
צוזאַמען מיט בנים און טעכטער ער טאַנצט;
הילכט דאָרט די פרייד ווי ביים דניעסטער.

חידושט זיך מענטש פון ליטע און פוילן:
ווי קומט אַ שטיק דאָרף דאָ אינמיטן פון שטאָט?
וואָס קלאַפּן אַזוי די צעפריילעכטע זוילן?
וואָס הויבן זיך הענט אַזוי הויך אין אַ ראָד?

שטעלט־אָפּ דער ייד זיין לוסטיק געזינדל,
ווישט אָפּ דעם טוי פון זיין פלאַמיק געזיכט,
גיסט אָן אַ גלאָז דורך הילצערנעם שפּינדל
און האַלט דעם בורשטין אַנטקעגן דעם ליכט:

— אַז איבערגעפלאַנצט זיך מיט אייגענער האַנט,
איז וואָס איז דער וואונדער און חידוש,
וואָס מיין זריעה וואַקסט אויך דאָ אין דעם לאַנד,
און האָפערדיק קלינגט אונדזער יידיש?

# כ׳האָב ליב דעם ים

כ׳האָב ליב דעם ים
אַ זילבערנעם, אין אָוונט־צייט.
גרין איז דער אַרום
און בלויקייט ציט אַוועק.
שטיל ווי מידע שאָטנס
קומען שיפן פון דער ווייט,
און ווי גרויע שוואַנען
דרימלען איין ביים ברעג.

כ׳האָב ליב די זעגל־לייט,
זייער זון־און־ווינט געזיכט,
זייערע פלאַטערדיקע רייד
און זייער אויפגעשוימט געזאַנג.
נאָר ווען אַ שיף פאַרגייט
און עס צאַנקט איר ליכט,
ווייטערט אויך מיין פרייד
און עס טוט מיר באַנג.

# לירישער געמיט

צום זיסן מעד פון יונגע יאָרן
די צייט האָט ביטערס צוגעגעבן,
און שפּילעוודיק איז בלוט געוואָרן
און ווייניק איז דער פּלוס פון לעבן.

ווען אינמיטן גרויסער פרייד
דער אומעט טוט אַ שפּיל,
אין צאַרטן ריטם פון די רייד
די בענקשאַפט פלאַטערט שטיל.

# זי און איך

ווען די בענקשאַפט פון איר האַרץ
שוימט אויף אין אירע אויגן
און דער אומרו־ים צעכוואַליעט
איר דאָס שפּילעוודיק געמיט,
איר גאָלדענער קאָפּ־האָר
ווערט ווי אַ זעגל אָנגעצויגן
און רייסט זיך אין דער ווייט,
אַ באַפליגלט ווינטיק ליד —
מיין צעשויבערטע טשופּרינע
וויל אויך אַ טויך־טאָן פּאַליעס,
מיין ברוסט, זי ציט זיך אָן
אַ שנייד־טאָן וואַסער־שטראָם,
מיינע אויגן דראָען ספּערן,
ווינט און פלוס און סקאַלעס,
און מיינע הענט פאַרמעסטן זיך
צו צערודערן דעם ים.

נאָר ווען דער טרויער פון איר האַרץ
פאַרוואָלקנט אירע בליקן
און שלאָגט זיך אָן אין האָריזאָנט,
ווי כוואַליעס אין אַ ברעג,
ס׳דאַכט זיך איר געמיט
אויף סקאַלעס ליגט צעריסן
און ס׳טראָגט דער שטורעם־ווינט
ווייט איר טרוים אַוועק —
איבער זאַמד צעבלעזלט זיך
מיין ריזלדיק געמיט
און נידערט אין דער טיף
מיט אָוונט־שטילן דויער־ליד,
מיין שויבער איבער ברעג
ליגט שלאַבערדיק און מיד,
און הענט מיינע ווי פלוס
אין זאַמד אַריין עס ציט.

# דיין האַרץ

(װ. פּ.)

צי געדענקסטו דעם שפּאַציר
איבער זילבער־בלויען דרויסן,
ווי ביי די טרעפּלעך פון דיין טיר
בין איך אַליין געבליבן אויסן?

שאָטנס ביי דיין שטיבל
האָבן זיך געשפּילט אין שוואַרצן,
און מיין געמיט איז מיט פאַראיבל
אָפּגעגאַנגען פון דיין האַרצן.

# טרערן

דער טרויער פון האַרץ
קען ניט אַנטרינען,
ווי אַ פאַרפרוירענער טייך
ער קען זיך ניט רירן,
אַ פאַרוואָלקנטער הענגט ער
אין בלודנע געהירן —
ר'האָט אין גליווער פון צווייפל
אַן אָפּרו געפינען.

ווען דער דרום־ווינט קומט
פון די סטעפּעס צעפּליען
און די פאַרוואָלקנטע רו
מיט שטורעם טוט שפּאַלטן,
דער טרויער אין האַרצן
קען מער זיך ניט האַלטן
און די טרערנדלעך פאַלן
און ווי שנייעלעך בליען.

# אַ מאָנומענט

(י. גרינשפּאַנען)

ביי דיין קבר בין איך היינט געווען צוגאַסט
און דיין זכר־בערגל קוים דערקענט.
אַ קרענצל ווילד־גראָז איינזאַם שפּראָצט —
ווי אַ צייכן פאַר אַ מאָנומענט.

חבר מיינער, ביזט נאָך אַלץ אַ ווילדער דאָרן,
דיין גרימצאָרן שפּאַנט איבער דער וועלט.
דאָס בינטל גראָז ווי אַ פויסט אין צאָרן —
האָסטו אַ צונטערן אַרוסגעשטעלט.

עס ברענט אין מיר דיין העלער ניגון,
אַ תמיד־פלאַם אין האַרץ צעבליט.
דיין בונטאַריש ליד דורך טויזנט זיגן
איז שטאַרקער פון גראַניט.

# טרייסט

(מעינקען)

גערקומען איז זי ווי אַ טרוים,
ווי אַ זילבערן זעגל אין רוים.
האָבן יינגלשע אויגן מיט גיר,
זיך געצויגן מיט פרייד צו איר.
נאָר גרינגער ווי פוך איז איר האַרץ,
איז אַ ווינט דאָרט געוואָרן איר האַר.
וועט דער ווינט מיט זעגל זיך שטיפן
ביז אָנשלאָגן ר׳וועט אין די ריפן.
דעם ווינט וועט דאָך קיינמאָל פאַרדריסן
וואָס זעגל אין ים ליגט צעריסן.
בלויז יינגל וועט וועבן זיין טרוים
און זוכן זיין זעגל אין רוים.

# באַנען

כ׳האָב ליב דעם ביטער־פּייכטן גערוך
פון דעם אַשיק־שוואַרצן רויך
וואָס שוועבט און ציט אַוועק
פון די שלענגלענדיקע באַנען.
כ׳האָב ליב דעם וויינענדיקן רוף
וואָס וועקט מיך אין מיין שלאָף
און טוט אַ נאָג דאָס האַרץ
אַוועקצוואַנדערן פון דאַנען . . .

# היינט און מאָרגן

כ׳האָב געמאַכט צוויי צוגן אין דער זעלבער צייט,
און ביידע אויף די פליגלען פון מיין טרוים.
איינעם אין דער אוראַלט נעכטנדיקער ווייט,
און דעם צווייטן אַנטקעגן מאָרגנדיקן גינען־רוים.
געזען האָב איך דעם צויבער פון לאַנגאַן
און דורכגעשטראַלט דעם פרעכטיקן באַגין.
גרינגער קומט אַצינד דער היינט מיר אָן,
און בענקשאַפט נאָכן מאָרגן קריגט אַ זין.

# חברה

איך דערמאָן זיך אין אַ שטילער גאַס,
אין אַן אָפּגעלאָזטער דירה,
עס טומלט ערשטער גראַדואיר־קלאַס —
חברה־יאַטן, צוואַנציק אירע.

פֿלאַמט אַ חסידל, אַ הפקר־ניגון,
סטענקאַ ריאַזין יאָגט אויף שטרעקעס,
ליד פֿון האָרעפּאַשנע לייד־און־גליקן
ברוך שולמאַן, הירשקע לעקערט.

און עס יאָגן צייט־עקספּרעסן,
לאָנדאָן, ווילנע און סמאַרגאָן:
בונטן, סטאַטשקעס און עקסצעסן,
און עס פֿלאַטערט רויטע פֿאָן.

# ליבע

די יאָרן זיינען אַנטלאָפן
מיט בלוטיקן שטראָם פון צייט
און טעג מיינע ערגעץ פאַרוואָרפן
איבער שלאַכט־פעלדער וויסטע און ווייט.

בלויז מיין ליבע צו דיר ווערט געטראָגן
פאַרשלאָסן אין האַרצן ביי מיר.
דער צאָרן וועט קיינמאָל דערשלאָגן
די פרייד וואָס איך זאַמל פאַר דיר.

מעג שונא מיין רו פאַרטרייבן
און שנאהקער מאַכן די שלאַכט;
דיין ליבע אין האַרצן וועט בלייבן
און העל מיר באַלויכטן די נאַכט.

## מאַי

מונטער פיס אין שפּאַן פון פייקלעך,
מעש־געקלאַנג אין יעדער שויב,
פייער־פּאָנעץ ווי די פאַקלען
צינדן יום־טובדיק זיין אויג.

זעט ער פרייד וואָס קומט פון ווייטן,
ווי אַ ים וואָס כוואַליעט זון,
יעדער רוף פון די פלאַקאַטן
פלאַטערט ווי אַ ווינט־טריבון.

נעגער־פרייד אויף ציין און וויסל,
סקאַטסמאַן אָרעמט גריך און ייד,
קינד אויף הויך פון טאַטנס אַקסל
שטראַלט מיט פרילינג און מיט גליק.

היינט איז טאָג פון שלאַכט און זיגן,
היינט ווערט גרינגער יעדע לאַסט,
זעט ער זיך אין יעדנס בליקן,
האַרץ זיינס פלאַטערט איבער מאַסט.

# אומרו-צייט

די אומרו־צייט טראָגט אַרום
אויף אירע ווינט־צעשוימטע גריוועס
און יובלט אין דעם שטורעם־ברום,
און יאָמערט אין די קאַלטע נידערס.

מיט זילבער־קוואַלן פרייד
צעשלאָגט זי זיך אין ריפן,
מיט בלויע שטראָמען לייד
צוגרונט גייט זי אין טיפן.

איר יעדער טראָפּן אומגעדולד
צעשפּרינקלט וועלטן, זונען,
און פּערל־שוימען, בלויז און נול
אין זאַמד אַריין אַנטרינען.

# העניי לישער

אַוועק איז מיין חבר אין פרימאָרגן
צו דעם רוף פון דער דינאַמאָ־פאַבריק,
מיט ליבשאַפט פאַרוויגט מיין רולאָזן שלאָף,
און אַוועק אַזוי מונטער און זיכער.
געבראַכט האָט מען אים אַ געהויבענעם קרבן
מיט געשאָכטענעם ווי אין זיין בליק,
אין ליילעך דעם ווייסן אַ פאַרגליווערטער גוף:
מיין חבר, העניי לישער.

אָ, האָדסאָן־טייך, אָ, מאַנהעטן־אינדזל,
וואו איז דאָס ליד פון מיין לעבן?
נישטאָ מער די שטים ווי אַ שאַלנדער האָרן,
פאַרגאַנגען דער טאַנץ פון דעם שטיפער.
די דינאַמאָ־פאַבריק האָט מיט שטאָל און מיט בליי
זיין לעבן אויף פיצלעך צעריבן,
און כ׳טראָג אונטער האַרצן אַ צאָרן —
אַ יונגן העניי לישער.

# אַ קבר

שטיל און רואיק וואָלט געווען דאָס פעלד,
קאַלט און שטום די בלאַנקע שטיינער,
נאָר אותיות טרויערן נאָך יונגן העלד,
וואָס האָט געלעבט אין בלוט און ביינער.

קיל און צאַרט געשפּילט וואָלט ווינט
אויף בלעטער שאָרכענדיקע צווייגן,
נאָר מוטער וויינט דאָרט נאָך איר קינד
און שניידט דאָס קברימדיקע שווייגן.

גרינג און ווינטיק וואָלט מיין האַרץ געווען,
זון פון בליק וואָלט ניט פאַרגאַנגען
ווען ס'וואָלטן אויגן נישט געזען
זיין נאָמען אויסגעקריצט, געהאַנגען.

# אַמאָל

אַמאָל האָט ער ליבשאַפט אין האַרצן געקליבן
און פאַרבן און פרייד אין די אויגן.
געוואָלט האָט ער ליבסטע אַ זוניקע זען
ווי דורך רעגן וואָלט קווייטלען דער בויגן.

נאָר צייט האָט באַזילבערט איר געקרייזלטן שויבער
און מי האָט פאַרזונקען דעם פלאַטער פון ברוסט,
דער האַס איז פאַרקראָכן צו איר אין די אויגן
און ווייטיק גייט אויס אין קלאַנג פון איר הוסט.

אַמאָל האָט ער ליבשאַפט און פריידן געקליבן,
היינט זאַמלט ער צאָרן און פיינט.
ער וואַרט ס׳זאָל אַ שלאָג טאָן די רעכענונג־שעה,
אַז אויפרייסן זאָל ער דעם היינט.

# ראַכמיל

מײַן ברודער, דער מאַטראָס, אין ווײַטן פּאַסיפיק,
אויף שטאָלענעם טויכער אין שטראָמיקע טיפן,
ער שנײַדט דאָרט די וועלן פון טראָפּישע שטורעמס
און רײַסט אויף מיט צאָרן ניפּאָנישע שיפן.

ווי קומט ער דער זון פון דעם שנײַדערשן יחוס,
דאָס קינד פון דעם סטעפּ בײַם דניעסטער און פּרוט,
צו צוימען און רײַטן די ימישע ווײַכערס
און בליצן דורך לופטן עלעקטרישע רוט.

ווי קומט ער, דאָס קינד פון די בראָנזווילער גאַסן,
מיט די גיריקע אויגן, מיט צער פון דער וועלט,
צו שטיין דאָרט אויף דעק צווישן יענקישע קריגער
און טראָגן אויף ברוסט די שליפע פון העלד?

איך פיל אין מײַן האַרצן דעם שטראָם פון די יאָרן,
דעם אורקוואַל פון נויט, פון פּײַן און געפיל.
כ׳דערקען אים, דעם וועג, פון אײַביקן וואָגלער,
פון דעם יידישן טרוימער — מײַן ברודער ראַכמיל.

# דער פליִער

דער בלויפֿויגל טראָגט דעם הימל אויף די פֿליגל
און שטראַלט מיט אויגן ווי די שטערן.
און ס׳קוקט פֿאַרבענקט נאָך אים דאָס ייִנגל,
וויל אויך אַ פליִער ווערן.

אַז דאָס ייִנגל איז פּילאָט געוואָרן
און געפֿלויגן צווישן וואָלקנס און דער ערד,
האָט זײַן הימל בלויקייט אָנגעוואָרן
און געשטראַלט האָט בלויז די שווערד.

אַז ער איז צוריק צום וואַלד געקומען
האָט ער נישט געבענקט נאָך בלויע פֿליגל,
עס האָט די שלאַכט די ריאה צוגענומען
און גרוי געמאַכט דאָס בלאָנדע ייִנגל.

# זעאונג

פון טראַנשייען געקומען צוריק איז אַ קריגער,
אַ באַוואָקסענער בופלאַקס אין טראַנטעס,
איבער הינטערלאַנדס פראַכטפולער קרוינשטאָט,
האָט ער לאַנגזאַם געשלעפּט זיינע שקראָבעס,
און איבער גלאַנציקן וועג פון אַספאַלט
געלאָזט האָט ער אָפּשטויב פון שלאַכטפעלד.

צוויי צאַנקענדע אויגן מיט שלאָפלאָזן גלאַנץ,
ווי בלאַסע פראָזשעקטאָרס דורך רויכיקן נעפל,
באַטראַכט האָבן העלע וויטרינעס מיט גוטס,
די נאָזלעכער האָבן דעם אָטעם פאַרהאַלטן
און געשלונגען דעם טעם פון פלייש און געבעקס.
צוויי שורות מיט גרויע פאַרפולווערטע ציין
האָבן אייליק געשאַרפט זיך מיט צאָרן.

# איך שמיד

איך שמיד מיין צוקונפט,
שמיד און שמיד,
און מיטן קלאַנג פון האַמער
הילכט מיין ליד,
מיין ליד פון טרערן,
פרייד און פיין,
מיין ליד אין ווערן,
מיין ליד אין זיין.

# מיין טייך

דער רונצלרין פון כוואַליענדיקע טייכן
דערוועקט אַ בענקשאַפט גיס אין מיר,
נאָר קיינער קען צו דיר זיך גלייכן,
ווען כ׳טראַכט מיין זילבער־טרוים פון דיר.

אָ, בלויער וואַנדערער דורך שנייאיקע קאַרפּאַטן,
צעשמאָלצן גלאָז וואָס פליסט צום שוואַרצן ים,
דו צינדסט אָן גראָז און ליים און קרייטן
מיט אַלע פאַרבן פון קרישטאָל און פלאַם.

די ווייסע הייזער און די סאַמעט־טאָלן,
די דעמבעס בראָנדז און בלוי פון בערג,
זיי גאַרן אַלע אין דיין ליכט זיך מאָלן
און ציטערן אין פלוס פון שפּילענדקין ווענ.

דו צונטערסט אויף אין גאָלדענעם באַגין
און שמייכלסט פּערלדיק אין אַלע נעצן,
אין שנייד פון וויעסלעס שפּרינקל־דין,
אויף מיידל־לייב דעם קוים־באַנעצטן.

דו גיסט זיך אָן מיט זון און הימל
אַזש גייסט אַריבער איבער גרין,
דו שווענקסט די ווערבעס אויף פון דרימל
און צוואָגסט די ליליס מיט בורשטין.

און ווען דער טאָג אַ פורפור־פליאַמע
פאַלט־צו צו דיר און זינקט,
דער אָוונט־בלוי מיט קופער באַלן
קומט אָן מיט שטערנדלעך און ווינקט.

# פרימאָרגן

דער מאָרגן־שטערן לעשט זיך
אין יעדן טראָפּן טוי,
און פייגל סווישטשען אום
צווישן גרין און בלוי.

די זון באַזוימט דעם הימל,
רונצלט אויף דעם טייך,
און זילבערט אויף די נעצן,
דערפריידט די פישערלייט.

דער פּאַסטוך אויף דער לאָנקע
צעפלייטלט זיך מיט גלי,
די ערד און שניטער וואַכן
צום טאָג פון שווערער מי.

# אין די בערג

טויען דימענטן אויף עמעראַלדע בלעטער,
שויבּן שמייכלען מיט באַגין.
אַ וואָרעמקייט בּריט זיך אויס
איבּער די בּלויע בּערג
און גייט אויף
ווי אַ גלימערדיקער שטויבּ.
די זון זי ציטערט
אין די שפּינוועבּ־שטראַלן
און צינדט אָן לאָנקעס
מיט געל און פּערלמוטער.

הענער גאַלאַגאַנען פון די הויפן,
דער רויטפליגלדיקער ראָבּין
פאַרגייט אויף קרוין פון דעמבּ,
און דער בּרוינער שפּערלינג ענטפערט
פון דעם גאָלדענעם עפּלבּוים.
און אָט פליט אַ פאַלקע,
זעגלט לאַנגזאַם,
אַ פלאַטערדיקער חלום
אין פרימאָרגנדיקער שיין,
און דאָס האַרץ ווערט גרינג,
אַנטציקט פון שיינקייט און געזאַנג.

# מאַרגאַריטקע

איך בין אַרויס אויף גרינער לאָנקע
נאָכיאָגן פּלי פון געקווייטלטן פּליטער,
נאָר אַ בלימלס אַ שמייכל מיט זוניקן אייגל
האָט געגעבן אין האַרצן אַ ציטער.

כ׳האָב געגידערט צום שטערן אין גראָזיקן הימל,
צום זילבערן טעצל מיט גאָלדענעם האַרץ,
כ׳האָב געציטערט אָנרירן די פינגערלעך פּערל,
מיין אָטעם דעם בלימל וואָלט זיכער געאַרט.

כ׳בין געלעגן אין גראָז ביז פאַרנאַכטיקן טוי,
ביז געלאָשן די זון האָט איר ליכט,
ביז פאַרמאַכט האָט דאָס בלימל אייגל פון טאָג
און מיט בלעטלעך פאַרשטעלט איר געזיכט.

יענע נאַכט ביי מיין אָפענעם פענצטער
געבלאָסט האָבן שטערן אין הימל.
כ׳האָב אין ווייטן אַ שמייכל געזוכט,
כ׳האָב געבענקט נאָכן פערלדיק בלימל.

# אָוונט-ליד

דער שפּערלינג זינגט
זיין אָוונט־ליד
אין גרינער קרוין
פון ליפּע־בוים.
דער וואַסער־קוואַל
זיין ניגון ציט
מיט בלעזלדיקן
ווירבל־שוים.

דער קריקעט זעגט
זיין גראָז־געזאַנג
ביי געלע זוימען
פון דעם וואַסער.
די לבנה שווימט
איר זילבער־גאַנג
און ווערט אין פלוס
נאָך בלאַסער.

# פרילינג

אַרויס איז פרייד פון הויז
מיט קודלע פריי און בלויז,
מט גלוסטונג אין געלענד
און פליגלען אין די הענט.

אַריין איז זי אין וואַלד
אַ פלאַטערדיק געשטאַלט,
און עכאָ האָט אין טאָל
צעטראָגן וואונדער־קול.

# אַ רעגן

אַ זוניקער רעגן שפּריצט
און פּייקלט אויף דורשטיקע בלעטער
און טרייבט די וועוורקע פֿון בוים
און די קינדער פֿון דער לאָנקע.
בלויז דער רויטברוסט אויף דער ליפּע
צעזינגט זיך נאָך העכער.
דער זינג־שפּערלינג,
און דער בלוי־פֿויגל,
אין זייערע וואַרעמע נעסטן,
און איך אין מיין בוידעם־שטיבל,
הערן זיך איין און שווייגן.

# געשטאַלט

אַ הינד איז אַרויס פון דעם וועלדל —
אַ האָניגברוין, נאַקעטער שפּרונג,
איר חן־שפּיל מיט אויג און מיט לענדן
האָט תּענוג געבראַכט צו מיין צונג.

אַ פרייד־געשטאַלט שווינדט דאָרט אַנידער
און פאַרגאָלדיקט אין שאָטן פון גרין,
אַ בענקשאַפט גייט דורך מיינע גלידער
און ציט זיך אַ פלי טאָן אַהין.

כ׳האָב אַ שעפּ געטאָן שיינקייט מיט אויגן
און מיין האַרץ האָט פון צויבער געוואוסט.
כ׳האָב דערהערט ווי אַ זשום פון אַ בויגן
און אַ ווייטיק דערפילט אין מיין ברוסט.

# שעפּסן רויען

שעפּסן רויען אין דער בלויער הויך,
קאָרע, צימרינג, מיאַטקע־גרויך
ווערט ווי אָטעם גרינג צעבלאָזן.
מאַרגאַריטקעס פּערלען זילבער,
דעפאָדילן צינדן גאָלד
אין די גרינע גראָזן.

כ׳לייג דעם קאָפּ אין גרין אַנידער,
קוק אין הימל איין זיך ווידער,
צייל די דרעמלענדיקע שעפּסן.
אפשר וועט דער פּאַסטעך קומען,
וועט פון טאָרבע דודע נעמען
און צעפּלייטלען ליד מיט לעפּצן.

# די נעסט

ס׳איז גוט צו גיין
אַ לאַנגע ווערסט,
ווען זון איז אין זעניט,
ווען דו אַליין
דאָס פלאַפלען הערסט
פון דיינע באָרוויס־טריט.

ווען וואָלקנס שניי
מיט ראָזער זוים
צעגייען איבער דיר,
ווען שוואַלבן צוויי
אין שאָטן בוים
דערמאָנען דיך אין איר.

און איילסט אויף גיך
צו ווייסער נעסט
אין בלעטערדיקן טאָל,
וואו בלאַנד געזיכט
אין שטראַלן זעסט
און הערסט איר גאָלדן קול.

# אין גאַרטן

אין דעם גרינעם גאָרטן
זילבער שטראָמען וואַשן.
בלאָנדע מיידל דאָרטן
ווינשעלעך וויל נאַשן.

רייסט זי פולע זשמעניעס,
איינגעמאַכטס אויף ליפּן.
טוט אַ כאַפּ דער גערטנער,
הויבט זי אָן צו כליפּען.

ווישט ער אויס די טרערן,
קושט איר אויס די ליפּן,
און אינצווייען ווינשל
מיט די מיילער ציפּן.

## אַליין...

אויף אַ קאָרנפעלד אַליין
בליט אַ יונגער שלאַנקער בוים,
קען ער ניט דאָ איינזאַם שטיין,
ציט ער זיך אין ווייטן רוים.

אומעט האָט זיין קרוין באַזוימט,
טרויער האָט פאַרבלויט זיין פּראַכט.
אין זיין וואָרצל בענקט די טרוים
נאָך אַ טייך און דעמבּעס אַכט.

בלימלדיק דאָרט פייכטע גראָזן,
טרוקן־געלבלעך דער טשערעט,
און די אָוונט־ווינטן בלאָזן
און די נאַכט פון חלום רעדט.

## טאָג

עס גאָלדיקט העלע זון
אויף ווייץ און קאָרן,
און בלימלט בלויע פרייד
אויף קוסט און דאָרן,
און פערלט טראָפּנס שווייס
אויף ברוסט און שטערן.

קלינגען קאָסעס שטאָליק
איבער זאַנגען פעלדער,
שאַרפע העק דאָרט עכאָן
איבער גרינע וועלדער —
ליד פון אַרבעט טראָגט זיך,
בערג און טאָלן הערן.

# אינדיאַנער זומער

ס׳איז בלויִלעך דער הימל ווי קלאָרער סאַפּיר
און ס׳קרייזלען זיך וואָלקנדלעך שאָף,
אָנגעצונדן דער וואַלד — אַ ווייניקער שמיר,
די דעמבעס זיי גליִען אין שלאָף.

בלימעלעך דרימלען אויף מעש־געלע קישנס,
דאָס טייכל קרישטאָליקט — אַ פּליסיקע שאַרף,
לערכעס פלאַטערן וואָלקנדלעך צווישן
און קלינגען ווי ציטער פון סטרוניקער האַרף.

די אָזערע זילבערט מיט זעגעלעך וועלן,
וואָס פלאַטערן אויף און פליִען מיט ווינט.
צוויי קערפּערס אין וואַסער בראָנזענע קוועלן —
ער שפּריצט און צעפּאַטלט איר בלאָנדענעם בינד.

# זיסער, ווייסער ווײַן

גרין דער ווײַנשטאָק,
גאָלד די טרויבן,
און דער פלוס
איז ווי בורשטין,
אין אַ בלוי געשליפן גלעזל,
איבער פייער־שניט פון ליפּן,
איבער פּערלדיקע ציין,
אין צוויי קוועלנדיקע אויגן.

# אָוונט

דער בלויער הימל גרויער ווערט,
דער גאַנצער מערב ברענט אין פלאַמען,
די פייגל זינגען שטיל, מען הערט:
עס שפּילט דער טאָג די לעצטע גאַמען.

עס קומען די שניטער פון פעלד
און שטילער פאַרגייען די קלאַנגען,
דער טייך ווערט מיט פערל באַזעלט
און דער וואַלד מיט שקיעה פאַרהאַנגען.

באַלד וועט נאָך נאַכטיקער ווערן,
אַלץ וועט דרעמלען, זיין מיד,
באַלד וועלן פינקלען די שטערן,
וועט לבנה באַשטראַלן מיין ליד.

# נאַכט

אַ שאָטן שיפּט אויף וואַסער,
אַ גייענדיקער דרימל.
אַ קופּער־שניט, אַ בלאַסער,
באַזילבערט בלויען הימל.

די שטערנדלעך צאַנקען,
די פענצטערלעך ווינקען,
טאָפּאָלן צווײ שלאַנקען,
זײ נידערן און טרינקען.

מײן שיפל שלעפערט אײן
פאַראַנקערט אין אַ קוסט,
מײן ליבסטערס אָטעם — ווײן,
דערוואַרעמט מיר מײן ברוסט.

# דער נאַכט-וואַרבלער

אַ וואַרבלער האָט זיך צעוויינט אינמיטן נאַכט,
ערגעץ ביי די זוימען פון דעם וואַסער,
אין דעם גרינעם פלאָנטער פון דעם וואַלד;
און עס האָט זיך מיינע אויגן אויסגעדאַכט
אַז אויך די לבנה איז געוואָרן בלאַסער
און זעט ווי איך — אַקוואַטישע געשטאַלט.

זי שטייט ביז קני אין פלוס דעם שטילן,
ווי אַ זילבער־סאָסנע אויסגעצויגן
מיט העלן שויבער און געזיכט וואָס לאַכט.
און ס'קען געדאַנק מיט גאָרניט שטילן
די צוויי פאַרגאַפטע טרוימער־אויגן,
וואָס זינגען ווי דער וואַרבלער אין דער נאַכט.

# אַ נאַכט

אַ זיסע נאַכט אין שפּעט אַפּריל,
עס שלאָפט די גאַנצע וועלט
אונטער שטערן־קרוין אַרקאַדע.
איך כאַפּ זיך אויף און פיל
די געסט בײַ מײַן געצעלט —
מאַי־בלימעלעך אַ פלעיאַדע.

ס׳איז פינצטער אַרום מיר,
נאָר איך דערשמעק דעם ריח
און דערזע זײ בלינדערהייט.
דורך אויפגעפּראַלטער טיר
שמייכלט העל און בלייך
די לבנהדיקע פרייד.

# שנײ

דער קלאָרער דרויסן בלענדט די אויגן,
ס׳איז ערד און הימל ליילעך דעק.
ווער האָט צעשטויבט דאָ עפּל־קנאָספּן,
און צעזיפּט האָט פּוידער־זעק?

די שאַרפע לופט נעמט אָפּ די פינגער,
די פיס־טריט ברעכן קרוכלע מילך,
און פונעם וועלדל אונטער בערגל
עס בלאָזט אַ ווײַנענדיקער הילך.

די ראָזע פינגערלעך אין שנײ,
דימענטן מיט ווײסן כישוף;
זײ בריען אָפּ די רויטע באַקן
און בעטן זיך בײַם אָטעם — קישן.

# מיין רעגנבויגן

איך האָב אַ רעגנבויגן
אַרומגעבונדן מיינע אַקסלען —
די האָפענונג אין מיינע אויגן,
די טרוים אין מיינע ווייסלען.

און ווען דער דרויסן ווערט פאַרצויגן
און עס שטורעמען די שלאַקסן,
איך נעם דעם בויגן פון די אויגן
און טו אים אָן אויף אַקסלען.

און ווען די נאַכט פאַרציען אויגן
און וויקלען וועט מען מיך אין ווייסן,
עס וועט צוקאָפּנס מיר דער בויגן
אַליין זיך בינדן אַרום אַקסלען.

# IV

# טרויעריקע אויגן

## לירישע אינטערמעצאָ
## לויט רומענישן פאָלקלאָר

געווידמעט ראָזיטאַן.

אונטער די טאָפּאָלן ביי מיין טיר
האָסטו זיך צוגעזעצט,
און אויף מיין טיר געקוקט,
נאָר נישט אַריינגעגאַנגען.
פאַרוואָס האָסטו אַזוי ליב
די טאָפּאָלן־שאָטנס?

⁂

אַ שטערן איז געפאַלן אויפן אָרט
וואו דו שטייסט און זינגסט —
די קלאַנגען דורך דיינע ליפּן
פאַרגאַפן צוויטשען פון פייגל.

⁂

די לבנה קוקט צערטלעכער
אַרונטער צו דיר, ווי צו אַנדערע —
וועט זי דיר אויסזאָגן דעם סוד,
פאַרוואָס זי קוקט אַזוי צערטלעכער
אַרונטער צו דיר, ווי צו אַנדערע?

⁂

מײַן מוטער איז פֿון מיר אַוועק —
און ברייט און ליידיק איז דער סטעפּ;
מײַן פֿײַער וועט באַלד אויסגיין,
זיך לעשן ווי די שטערן אין פֿרימאָרגן.
אפֿשר קומסטו נאָך צוריק, געליבטער,
און צינדן ווידער מיר מײַן פֿײַער?

⁂

קוק קײנמאָל נישט אויף מיר ווען איך שלאָף,
בשעת איך חלום,
ווײַל קענסט נאָך זען אויף מײַן געזיכט
די שמייכלען פֿון מײַן טרוים, אָדער זײַנע טרערן?

⁂

איך וויין ווײַל דער ווינט דאָרט זיפֿצט,
און דו, דו זינגסט אין דער זון.
צוויי קליינע פֿייגעלעך זײַנען אונדז פֿאַרבײַגעפֿלויגן —
פֿאַרוואָס איך וויין, האָט איינע געפֿרעגט;
די צווייטע האָט געפֿרעגט, פֿאַרוואָס דו זינגסט;
און איין ענטפֿער האָט אויף דעם דער הימל:
צוליב צערטלעכקייט און לײַכטזין פֿון דער יוגנט.

⁂

אויך דו וועסט באַלד ווידער פון מיר אַוועקגיין,
אָ דו, וואָס ביזסט איינמאָל ביי מיר געווען;
מיין שוועל וועט זען מיין טרויער און וועט פאַרשטיין
אַז איך ווײן דערפאַר וואָס דו ביזסט אַוועק.

⁂

אויפן אָפענעם פעלד
האָט ער אויסגעשפרייט זיין מאַנטל,
אַז ער זאָל קענען שלאָפן
דורך דער גאַנצער נאַכט.
ער האָט פאַרגעסן געבן טרינקען זיינע אָקסן
און זיי מערוקען דאָרט פון דורשט.

⁂

אויףביידע זייטן פון ביידע וועגן
וואַקסן וועלדלעך מיט ניס־ביימער;
אין איינעם זיינען זיי נאָך גרין
און אין צווייטן זיינען שוין געפאַלן בלעטער —
קום, מיר וועלן זיך פאַרנעמען אויפן וועג
וואו די בלעטער זיינען גרין.

⁂

די בלעטער האָבן זיך אין וואַלד פאַרזאַמלט,
ווייל דער ווינט איז דורכגעגאַנגען;
די בלעטער האָבן זיך אין וואַלד פאַרזאַמלט,
און ביטער האָט דער וואַלד געטרויערט;
דאָך האָבן זיך די בלעטער פאַרזאַמלט,
ווייל דער ווינט איז דורכגעגאַנגען.

⁂

קלייב אויס אַוועלכן וועג דו ווילסט,
ווייל אַלע וועגן זיינען גלייך;
אַבי דו זאָלסט נאָר קומען —
איך בעט מיין שוועל וואַרטן אויף דיין קומען.
דורך מיין פענצטער זעט מען הייזער־קברים —
און אויף מיין לעבן
האַלטן זיי אַ וואַך.

⁂

דורך אומעט קען מען די לבנה־שיין ניט זען,
נאָר אַז די נאַכט צעזינגט זיך
צינדט זי אָן דעם גאַנצן הימל.
די טייכן זיינען ווי די שוועסטער,
ווייל זיי פליסן אַרונטער
פון די זעלבע בערג.

די פייגל האָבן אָפּגעצויגן,
ווייל טומאַנען זיינען צוגעפֿאַלן,
ווען די נאַכט איז אָנגעקומען,
האָב איך זיי געזען דורכפּליען.
דער פייער ברענט ליכטיקער
און העכער וויינט דער ווינט,
דעם ווינט איז אומעטיק
ווייל ס'איז אים קאַלט.

⁂

דיין וואוּאַל איז ווייך ווי אַ זומער־וואָלקן;
און ווען דו גייסט פאַרביי
ווערן די בלומען טרויעריק
וואָס זיי קענען דיר ניט נאָכגיין.

⁂

ווייסן צוויט האָט דער אַקאַציע־בוים געהאַט,
דיין האַלדז־באַנד האָט געהאַט בלויע קרעלן.
און דעם זינגערס העלע שטימע
גייט ווי אַ עכאָ דורך דער נאַכט.

⁂

דער בעטלער האָט געסטרונעט
ביי דער שוועל פון דיין געצעלט,
דו האָסט פאַרנומען זיינע רייד
און געבעטן: „זינג!"
נאָר ער קען בלויז איין ליד.

⁂

צופוסנס פון אַ בוים
האָט ער זיך אויסגעצויגן
און אַ גאַנצן טאָג ער הערט
ווי די פייגל זינגען:
„ביי דער מיל דאָרט וואַקסט מיניאָטקע".

⁂

ווייסטו וואָס די שניט־פעלדער זאָגן?
„מיר האָבן זייער ליב געהאַט די זון,
דערפאַר שניידט מען אונדז אונטער,
פאַר ליבן די זונשיין צופיל".

⁂

אַ גרינער בוים אין מיין גאָרטן שטייט,
די זון האָט אים ליב, דער ווינט שלעפערט אים איין;
אָבער ווען דער שניי פאַלט, פאַרגעסט דער בוים
אַז עס איז אַ פרילינג דאָ אַמאָל געווען.

⁂

די זון האָט זיך באַהאַלטן
טיף הינטער די ווערבעס:
די ווערבעס ציטערן
ווייל זיי באַהאַלטן די זון.

⁂

דער שניי איז געפאַלן און מיר האָבן פאַרלוירן
די שטעגן וואָס פירן צו אונדזערע היימען;
דאָך קוקן מיר ביידע אַרויף
און בענקען צו דעם זעלבן קלאָר־בלויען הימל,
פון וואַנען דער טרויער איז געפאַלן.

⁂

די הימלען נידערן,
און די ראָבן פליען.
זענט איר, שוואַרצע פייגל,
אָנזאָגער פון ווייסן שניי?
און ווען מיר איגעיכן האָבן
טרויער־בלענד אויף אונדזער פעלד?

⁂

צווישן שפּראָצנדיקן ווייץ
אויך בלומען קומען אויף,
דערפאַר טרינקען זיי דעם טוי
וואָס דער הימל שיקט אַראָפּ
דעם שפּראָצנדיקן ווייץ.
די שוועל פון דיין געצעלט
איז געווען אינגאַנצן נאַס
ווייל לעצטע נאַכט
איז אַ שווערער טוי געפאַלן

⁂

היינט איז זונטיק,
קום צום טאַנץ!
און דו ביזסט אַ טרויעריקע
דורכגעגאַנגען בחורים,
און זיי האָבן געזונגען.
דער וואַלד זאָגט:
אָ, הער זיך צו ווי זיי זינגען!

*

מאָרגן וועלן בלעטער פאַלן,
און איך טראַכט שוין וועגן גאָלד פון נייעם שניט;
און אַזוי פראַכטפול וועלן זיין די זאַמל־טעג,
אַז איך פאַרגעס אין די פאַלנדיקע בלעטער.

*

ווען דו וועסט גיין אים פֿאַרביי
און אים מער נישט זען,
וועל איך דיר זאָגן ווער ער איז,
און ס'וועט דיר באַנג טאָן צו הערן;
דו וועסט זיך מער נישט אומקוקן
און נישט זוכן זיין געזיכט.

⁂

אָ, גיי נישט אַרויס היינט ביינאַכט,
אַ שטערן איז דאָרט געפֿאַלן;
וואַרט בעסער ביז זונאויפֿגאַנג.
דער גערוך פֿון פֿריש־געשניטן היי
הויבט זיך אויף פֿון די פֿליינען.

„קעמפ וואודלענד", יולי, **1947**.

# די דאָינע *

אַ פּאַסטעך האָט דערהערט אין שלאָף,
עס וויינט אַ קינד און עס רעדט,
האָט ער פאַרלאָזט די סטאַדע שאָף
און געגאַנגען זוכן אין טשערעט.

און ער שטייט און גלויבט ניט אויגן
אויף גרויסן וואונדער וואָס ער זעט:
געשפּאַלטן הענגט אַ ראָר געבויגן,
דער ווינט בלאָזט וויינענדיק געבעט.

ווען אַנטשוויגן איז דער ווינט געוואָרן,
און דאָס וויינען האָט אויפגעהערט,
איז צוגעפאַלן די ליפּ צו ראָרן
און די דאָינע האָט זיך שטיל דערהערט.

---

* מאָלדאַוואַניש־רומענישער פאָלקס־מאָטיוו, וואָס ווערט געשפּילט אויף דער ראָרענער דודע.

# אוקראַינע

שפּיל, קאָבזאַר, אוקראַינער ליד
פון טאַראַס דעם זינגער,
צונטער אויף מיין שווער געמיט
מיטן קלאַנג פון דיינע פינגער.

כ׳האָב דיך ליב, אוקראינער יונג,
און דעם שוואונג פון דיינע לידער,
דו דערצאָרנסט מיר מיין צונג,
צינדסט דאָס בלוט אין מיינע גלידער.

כ׳האָב דיך ליב, פּאָדאָליער מויד,
און דעם בעז אין דיינע אויגן,
ווען דיין אָוונט־ליד פאַרבלויט,
וואָלט מיין האַרץ צו דיר געפלויגן.

# דער העלד

ערגעץ אין אַ שאָטנדיקן, טיפֿן וואַלד
ליגט אַ קריגער אויפֿן גרינעם גראָז,
די שוואַרצע קראָ פֿליט פֿאַרבײַ מיט אַ געוואַלד,
דערשראָקן לויפֿט אַדורך דער גרויער האָז.

דעם קריגערס קאָפּ ז׳אָנגעשפּאַרט אין אַ קוסט
פֿון אַן אַלטיטשקער ווערבע געבויגן, פֿאַרטראַכט,
די טויאיקע צווייגן גלעטן זײַן ברוסט
און ס׳פֿאַרדעקט אים מיט טרויער די נאַכט.

דרײַ שוועלבעלעך זײַנען געקומען צופֿליען
און קלאָגן געשטעלט זיך אויף צווייג,
די ערשטע, זײַן מאַמע, מיט פֿינצטערע וויעס
די צווייטע, זײַן שוועסטער, די דריטע — זײַן ווײַב.

זײַן מאַמע יאָמערט ווי יאַמישע שקוואַלן
זײַן שוועסטער כליפּעט ווי קרישטאָליקער קוואַל,
זײַן געליבטע וויינט — ווי טוי וואָלט געפֿאַלן,
וואָס וואַרט אויפֿן ערשטן זוניקן שטראַל.

## כלי-זמרים

צוועלעף פידלען, אַכצן באַסן
געקומען זיינען דעם קלעזמער פּאַרקנאַסן.

די כלה אַ בלאַסע שטייט איינזאַם, פאַרשעמט
און דער חתן האַלדזט גאָר דעם פידל אין הענט.

מחותנים און געסט: זקנים און קינדער
שטייען און גאַפן אויפן קלעזמערשן וואונדער.

זיי טאַנצן אַ ראָד מיט די פידלען צום הימל,
דער חתן אינמיטן שוועבט ווי אין דרימל.

עס וויינען די פידלען, עס קלאָגן די באַסן —
דער ניגון געקומען איז קלעזמער פּאַרקנאַסן.

# טרויער

(ר. ל.)

ס׳האָט אַ קינד מיט ווינט־קאַפּריזן
זיך שפּילנדיק איר האַרץ צעבראָכן,
און מיט ליבע־רייד ווי שפּיזן
איר די אויגן אויסגעשטאָכן.

און אַ בלינדע ז׳האָט געליבט
ביז דעם ליגן ז׳האָט דערקענט,
היינט פאַראייַנזאַמט און באַטריבט
טראָגט זי טרויער אויף די הענט.

פרעגט זי ווען וועט פּיין אַנטרינען
פון איר שערבלדיק געמיט,
און צי וועט זי רו געפינען
אין אַ נייעם פרילינג־ליד?

# אין אַ יום-טוב-טאָג

און אַז דער יום־טוב־טאָג וועט קומען
מײַנע ברידערלעך,
וועל איך אָנטאָן מײַן גאַרניטור,
מײַנע שטיוועלעך,
אָי, וועט דאָס זײַן אַ פרייד,
אָי, וועט דאָס זײַן אַ גליק.
טרינקען וויין און קנאַקן קערלעך,
און פאַרטשעפּען אַלע מיידלעך,
אָי, וועט דאָס זײַן אַ פרייד,
אָי, וועט דאָס זײַן אַ גליק.

און אַז דער יום־טוב־טאָג וועט קומען,
מײַנע שוועסטערלעך,
וועל איך אָנטאָן ציצן־קליידל,
שיינע פרענזעלעך,
אָי, וועט דאָס זײַן אַ פרייד,
אָי, וועט דאָס זײַן אַ גליק.
טאַנצן, שפּילן זיך כסדר
און פאַרבלאָנדזשען אין די סעדער,
אָי, וועט דאָס זײַן אַ פרייד,
אָי, וועט דאָס זײַן אַ גליק.

## שיינע-זלאַטע

צווישן שוסטער־גאַס און באָד־גאַס,
סאַמע ביי דער גרויסער בלאַטע,
וואוינט דער שניידער אברהם־איצי
מיט זיין טאָכטער שיינע־זלאַטע.

זיצט ער ביי דעם קליינעם וואַרסטעט,
ציט די פעדים הער און הין
און זיין בלאָנדע שיינע־זלאַטע
טאַנצט אויף טרעטער פון מאַשין.

זינגט ער זיך אַ יעלה־ניגון
און פאַרגייט זיך אינדערשטיל,
און זיין זלאַטע האַלט אים אונטער,
נאָר איר האַרץ איז ביי דער מיל.

דאָרטן ציט די נעצן וואָווע
מיט זיין טאַטן לאַנגער שייע,
און זיין ליד גייט איבער וואַסער
ווי דאָס זילבער פון דעם שלייען.

גייט זי אָפּ פון יעלה־ניגון
און פאַלט אַריין אין וואַסער־ליד,
און דער טאַטע אירער שמייכלט,
ציט די פעדים, ציט און ציט.

# מיין זיידנס אַ וואָלעכל

כ׳זע דאָס שניידערשע שולכל
און מיין זיידן מיט די בנים,
און דעם מעזשבישערס שטיל קולכל
צינדט אָן ליכט אויף זיידנס פנים.

ווי דער פעטער אברהם־לייב
טוט אַ צי אַ וואָלעך־ניגון,
שניידערוקעס טוען זיך אַ הייב
און די רגלים זיך צעוויגן.

און דער זיידע דבקותדיק פאַרגייט
קען די פרייד שוין ניט באַהאַלטן,
טוט די ווייסע הענט אַ שפּרייט
און פליט מיט זיי צום באַלקן:

„שפּילט כלי־זמרים, שפּילט אַ וואָלעך,
ווייניק ווי פאַרניאַלעס,
טוט אַ הויב דעם שניידער הולך,
עס טאַנצט דער פאַלגע־דלות.

„כ׳שפּרינג אַ ריקודל אַצינדער
פאַר מיין שניידערישן רבין,
כ׳זאָל מיט ווייב און מיינע קינדער
די גאולה נאָך דערלעבן״.

# אַ חתונה

עס קלאָגט די פידל, ס'וויינט די פלייט
און די כלה האָט צעפלאָסן שויבער,
זי טאַנצט פון חברטעס באַגלייט —
צופוסנס גערטנער־בערג אין צויבער.

איר בליק העלט אויף פון פייער־גלאַנץ
וואָס קומט פון בחור דאָרט ביים פלויט:
— צי ברענט דיך בחור שטאַלטנער טאַנץ,
צי גאַרסטו נאָך דער כלה־מויד?

— ניט דער טאַנץ און דער קערפּער־בויג
פון דיינע חנעוודיקע שוועסטער,
בלויז דיין געזיכט צינדט אָן מיין אויג
און מאַכט מיין ווייטיק גרעסער.

# די שטריקערן

אויף דער פּריזבע זיצט אַ מיידל
שטריקט מיט פינגער פּאָדעם־זייד
און דאָס טרויעריקע לידל
הערט זיך אין דער בלויער ווייט:

„כ׳ניי דאָס העמד פאַר מיין באַשערטן,
זיי־זשע זיידנס תּכלית־ריין,
כ׳שטריק די זוימען פאַר מיין באַגערטן,
זיי־זשע פּאָדעם גאָלדן שיין.

נאָר אויב באַשערט ביזסט אַלטן מאַן,
ווער־זשע פּאָדעם — לייוונט האַרטער,
און דו, בליטשקע, שטריק זיך איין
מיט קניפּלעך — בודיקלעך פּאַרדאַרטע״.

# די באַלאַדע וועגן ווייסן ציגעלע
# און דער גאָלדענער פּאַווע

גענואוינט האָט אַ שניידער
פון שול-הויף ניט ווייט,
און געהאַט אַ בן-יחיד
און אַ ציגעלע ווייס.

פלעגט דאָס יינגל אַרומגיין
מיט דעם ציגל ווי שניי,
אין שול-הויף מיט גראָזן
פלעגן וואַנדערן זיי.

און געהאַט האָט דאָס יינגל
אַ פידל וואָס רעדט,
פלעגט ער מעשות דערציילן,
וואָס געווען און וואָס וועט.

פלעגט דאָס ציגל פאַרנעמען
דעם צויבער פון רייד
און פלעגט טאַנצן און שפרינגען
פאַר נחת און פרייד.

אַנטקעגן דעם שול־הויף
געוואוינט האָט אַ גביר,
מיט אַ גאָרטן אַ גרויסן
און אַ הונט ביי דער טיר.

און אַ טאָכטער אַ שיינע
אין זייד און אין אַטלעס
און אַ גאָלדענע פּאַווע
וואָס גייט אום מיט גדלות.

פלעגט זיצן די טאָכטער
ביי דער גרויסער ראָיאַל,
און אויסשפּילן טענער
ווי פון בויגן דער שטראַל.

און איינמאָל ז׳אַריין
אין דעם גבירשן גאָרטן
דאָס ווייסינקע ציגעלע
און די בייטן צעטראָטן.

די פּאַווע האָט אַ פּאָכער
פון איר עק אָנגעבלאָזן,
איז איר ציגל באַפאַלן
און דערשטאָכן אין גראָזן.

דער גביר איז אַרויס
און דעם חורבן דערזען,
האָט ער שחטן באַפוילן
דאָס ציגעלע שיין.

איז דאָס ייִנגל געקומען
מיט פידל באַוויינען
זיין ווייסינקע פרייד,
וואָס וועט מער ניט באַשיינען.

די טאָכטער ז׳געוואָרן
פון טרויער געריִרט
און דעם יונג מיטן פידל
צום ראַיאַל צוגעפירט.

און געשפּילט האָבןביידע
ביז שפּעט אין דער נאַכט,
און די פידל און פּיאַנאָ
האָבן געוויינט און געלאַכט.

דער גביר האָט די טאָכטער
פֿאַרטריבן פֿון הויז,
און דער פֿידלער פֿאַרלאָזט
האָט זיין היים און די קלויז.

היינט וואַנדערן ביידע
אַרום איבער וועלט,
און די פֿידל און פּיאַנאָ
וויינענדיק קוועלט.

## באַלאַדע וועגן צוויי שוועסטער

בײַ דעם טײַך דניעסטער
שטייט אַ מיל אין טשערעט,
און דאָס וואַסער פון ראָד
זינגט און רעדט:

געוואוינט האָט אַ מילנער דאָ
מיט טעכטער צוויי,
שלאַנק ווי די סאָסנעס
געווען זײַנען זיי.

די עלטסטע פלעגט זיצן
בײַם פענצטער און שטריקן
און זינגען פון טרויער
מיט טויאיקע בליקן.

די ייִנגסטע פלעגט לויפן
צום וואַסער און וואַלד
און הויך איבער בערג
האָט איר פרייד אָפגעשאַלט.

ווען אָוונט פלעגט קומען
מיט שטערן און גריל
אַ שאָטן פלעגט שלײַכן
בײַ די פענצטער פון מיל.

אַ יונג ווי אַ דעמב
מיט צוויי קנאָכיקע הענט,

מיט אַ האָריקער ברוסט,
וואָס גאַרט און וואָס ברענט.

די ייִנגסטע טרעפט אים
און פאַלט אויף זיין האַלדז,
די עלטסטע דורך פענצטער
שלינגט פערעלעך זאַלץ.

ביים טייך דניעסטער
פלעכט מען קרענצלעך צוויט,
און פידל און פלייט
שפילן חתונה־ליד.

ביים טייך דניעסטער
צאַפּט מען ווייַן און מען גיסט,
און זקנים און יונג
פאַלן אום פון די פיס.

די ייִנגסטע צום מאַן
פירן קלעזמער אַהיים,
די עלטסטע דערטרינקט
אין טייך איר געוויין.

ביים טייך דניעסטער
שטייט פאַרלאָזן די מיל,
בלויז דאָס וואַסערל זינגט
אַ ליד אינדערשטיל.

# די באַלאַדע וועגן דזשאָן העטרי און זיין האַמער

(פון נעגערשן פאָלקלאָר)

ווען דזשאַן הענרי איז אַ קינד געווען,
איז ער געזעסן אויף זיין זיידנס קני
און געזאָגט: — כ׳וועל מיט „טשו־טשו״ באַן
זיך פאַרמעסטן מיט מיין מי.

ווען דזשאַן הענרי איז אַ יונג געוואָרן
האָט ער געזאָגט זיין אַלטן טאַטן:
— כ׳גיי מיטן האַמער אין די בערג
און קום מיט גאָלד פון דאָרטן.

דזשאַן הענרי האָט געהאַמערט שטיין,
דער האַמער האָט געהאָגלט קלעפּ,
יעדן פעלדז געשפּאלטן אויפן האָר
אַז געיאָמערט האָבן הויכע בערג.

— „דזשאַן הענרי״, — האָט געזאָגט דער עלטסטער, —
„איך ברענג אַן עגבויר דאַמף־מאַשין,
וועט זי איבעריאָגן האַמער
און צעשפּאלטן בערג אויף דין״.

דזשאַן הענרי האָט געזאָגט דעם עלטסטן:
— „אַ מענטש איז מער ניט ווי אַ מענטש,
איידער ס'וועט מיך דאַמף באַזיגן,
פֿאַל איך מיטן האַמער אין די הענט".

דזשאַן הענרי האָט געזאָגט דעם עלטסטן:
— אַ מענטש איז מער ניט ווי אַ מענטש,
אויב איך וועל צום דאַמף פֿאַרלירן,
כ'גיב אַ הונדערטער, דיר, מענטש!

דזשאַן הענרי האָט געזאָגט דעם עלטסטן:
— דערלאַנג אַ האַמער פֿון צוועלף פֿונט,
הענטל מאַך פֿיר פֿוס די לענג,
וועל איך שטעלן דאַמף צו גרונט!

דזשאַן הענרי איז אַוועק צו'ר אַרבעט,
מיט צוועלף פֿונט האַמער זיך צעשפּאַנט,
ער איז אַוועק און קיינמאָל צוריק געקומען,
ער איז געפֿאַלן מיטן האַמער אין דער האַנט.

דזשאַן הענרי האָט אַ ייִנגעלע געהאַט,
אויף דער דלאָניע אים געהוידעט אַלעמאָל,
אין לעצטן טאָג האָט ער אים שטיל געזאָגט:
— אויך דו וועסט זיין אַ מאַן פֿון שטאָל.

דזשאַן הענרי האָט געהאַט אַ ווייבל,
איר נאָמען איז געווען פּאָלי־אַן.
אין טאָג ווען דזשאַן איז טויט־געפאַלן
האָט זי דאָס שטאָל געהאַמערט ווי אַ מאַן.

דזשאַן הענרי איז געפאַלן טויט,
זיין האַמער זשאַווערט נאָך ביז איצט,
מען קען אים זען נאָך אויב מען וויל
אין טונעל דאָרט אויפן וועג קיין לידס.

דזשאַן הענרי איז שוין לאַנג ניטאָ,
נאָר ס׳וואַרט נאָך אַלץ דאָס שטאָל,
אפשר קומען וועט נאָך דזשאַן,
און צעשוואונגען קלאַנג אין טאָל.

# תובל-קין *

טשאַרלס מעקעי
(פריי פון ענגליש)

תובל־קין דער אַלטער געווען איז אַ ריז
ווען די ערד איז געוועזן נאָך יונג.
ביים צונטערן פייער פון בלאָז־זאַק געשפיל
פלעגט טאַנצן זיין האַמערשער קלונג,
און הויכן פלעגט שטענדיק זיין האָריקע האַנט
איבער גליאיקן אייזן, וואָס ווערט
אין שאַרלעכן האָגל פון פונקען אויף וואַנט
אַ בליציקער שפּיז אָדער שווערד.
און אַ לויב צו זיין אַרבעט פלעגט ער דאַן צעזינגען
אַ לויב דער שפּיז און דער שווערד.
אַ לויב דער האַנט, וואָס וועט מעכטיק באַצווינגען
און ווערן דער הערשער אויף ערד.

און העלדן און קריגער פלעגן קומען אָן צאָל
צו תובל־קין אין קוזניע פון פייער,
און יעדער פאַרלאַנגט האָט אַ בעסערן שטאָל,
דאָס פיינסטע געווען איז אים טייער.
און שאַרפע כלי־זין פלעגט ער יעדערן מאַכן
און יעדער האָט פריידיק געקוועלט,
געשאָנקען אים פערל און גאָלדענע זאַכן,
און מתנות פון וואַלד און פון פעלד.

---

* דער לעגענדאַרישער ערשטער שמיד.

און יעדער אַ לויב האָט געגעבן צושטייער,
אַ לויב דעם מייסטער־קאָוואַל,
אַ לויב תובל־קין, זיין בלאָז־זאַק און פייער —
דעם שמידער פון שאַרפסטן מעטאַל.

נאָר איינמאָל אַ כמאַרע צעלייגט האָט זיך שוואַרץ,
ווען דער אָוונט געלאָשן האָט זון,
אַ ווייטיק פאַרקראָכן איז אים אין זיין האַרץ
פאַרן שלעכטס, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן.
דערזען האָט ער מענטשן בלינדע פון האַס
אין קריג קעגן אייגענע ברידער,
די ערד איז מיט בלוט פאַרברודיקט און נאַס
און עס טורעמען קופּעס מיט גלידער.
און געקלאָגט האָט ער: „ווי מיר און וויסט,
וואָס געגעבן כ'האָב מענטשן אין האַנט
דעם מעסער, די שווערד און די שפּיז
צו פאַרטיליקן אייגענעם שטאַנד".

און געזעסן איז לאַנג תובל־קין
אין טרויער פאַרקלאַמערט די הענט,
אויף קאָוואַדלע געפרירט האָט כלי־זין
און די זשאַרנע האָט פינצטער געברענט.
נאָר פלוצים געהויכט האָט ער צונטער
מיט פרייד אין זיין גאַנצן געביין.

די האַנט האָט צעשוואונגען זיך מונטער
און דאָס פייער צעבּרענט האָט זיך שיין.
און ווידער אָ ליד קלינגט אָפּ ווי אַמאָל
מיט די פונקען אין לויטערע קרייזן:
— ניט בלויז פאַרן שווערד איז אָנגעגליט שטאָל,
נאָר פאַר שניט פון דעם אַקער־אייזן.

האָט דער נעכטן געלערנט דעם מענטשן פאַרשטאַנד
און פאַרבּרידערט האָט פרידן די וועלט.
די שווערד און די שפּיז אופגעהאַנגען אויף וואַנט
און צעאַקערט מיט אייזן דאָס פעלד.
און אַ לויב־געזאַנג הערט תובל־קין:
— „אַ ליד דעם קאָוואַל און אַ ברכה
פאַר די ערדישע שאַרפע כלי־זין —
פאַר דעם רידל און שטאָלענע סאָכע.
נאָר כל־זמן טיראַנען זיך ווייזן
און הערשער פאַרשקלאַפן די ערד —
אַ לויב אים פאַר זיין אַקער־אייזן.
נאָר געדענקען נאָך מוז מען די שווערד!"

# אינהאַלט:

## I די אויסגעבענקטע שעה



## II דער אינדזל ביים ים

## III דער רעגנבויגן



## IV טרויעריקע אויגן



## V מעלאָס אין פאָלקטאָן



**זעקס האָלצשניטן פון העלען וועסט העלער.**